# לערן תורה

## אַרבעטס־העפט פאַרן לימוד פון חומש



פון — ז. שיפמאַנאָוויטש



## בראשית

### פרשת לך לך



אַרויסגעגעבן דורך:

בנימין און חוה זאַק פאָנד

מעקסיקע, ד. פ.

ח'תשי"ף

# LERN TOIRE

Por el

**Prof. Z. Szyfmanowicz**

---

Editado por el Fondo B. y J. Zack

México, D. F., 1954

# פאָרוואָרט:

תנך איז נאָך ביז היינט דער יסוד פאַר יידישער געלערנזאַמקייט. אַ ייד וואָס קען נאָך ניט קיין תנך, מעג ער אפילו זיין געלערנט אויף אַנדערע געביטן, וועט ער ביי אונז הייסן אַן אינטעליגענטער ייד, אָבער בשום אופן ניט אַ יידישער אינטעליגענט.

ביאַליק ע"ה האָט אַמאָל געזאָגט: מעג אַ ייד קענען אַלע שבעים לשונות, אויב אָבער ער האָט ניט קיין יידישן וויסן איז ער פאַר אונז אַן עם־הארץ. דערפאַר האַלטן מיר, אַז דער למוד פון תנך אין אונזערע שולעס דאַרף פאַרנעמען דעם אויבנאָן, די מזרח־וואַנט; און לערנען דווקא אין מקור, ווייל נאָר אַזוי אַרום וועלן אונזערע קינדער אויסגעפורמט ווערן צו דיינקען און צו האַנדלען ווי אמתע יידן.

אמת איז, אַז ביים לערנען תנך שטויסן מיר זיך אָן אויף שוועריקייטן פון פאַרשיידענעם כאַראַקטער; באַזונדערס פאַלט שווער דער דאָזיקער למוד ווען איר האָט צו טאָן מיט גאָר ייִנגערע קינדער, און זיבן מאָל איז שווערער ווען מיר ווילן לערנען פון מקור. אָבער שוועריקייטן איז ביי יידן קיינמאָל ניט געווען קיין מאָטיוו פון וועלן זיך באַפרייען פון אַ יאָך, וואָס יידישקייט האָט אויף אונז אַרויפגעלייגט. אדרבא, מיר דאַרפן זוכן נייע וועגן, נייע צוגאַנגען און נייע מעטאָדן כדי צו מאַכן גרינגער און אָנגענעמער דעם למוד פון תנך פאַר אונזערע קינדער.

אין וואָס אייגנטלעך באַשטייען די שוועריקייטן ביים לערנען חמש? מען וואָלט געקענט אויסרעכענען מערערע, מיר וועלן זיך אָבער באַנוגענען מיט אָנווייזן אויף די סאַמע עיקרדיקע:

1. שפּראַכלעכע שוועריקייטן ווי: די קלאַסישע שפּראַך פון תנך, איירע פּאַסיווע פאָרמען, פאַרשידנאַרטיקייט פון זאַצן־בוי ביים איבערזעצן אויף יידיש.

2. אַ שלל פון אַבסטראַקטע באַגריפן, וואָס זיינען פרעמד דעם קינד, אפילו אין דער שפּראַך וואָס ער דיינקט.

3. דער אין מקדם ומאחר בתורה, וואָס דעזאָריענטירט דעם קינד און רופט אַרויס אַ נעגאַטיווע מיינונג און באַציאונג צום למוד.

4. ווייטקייט אין צייט און אַנדערשדיקן לעבנסשטייגער, וואָס באַשווערט דעם קינד צו האָבן אַ קאָנקרעטע פאַרשטעלונג וועגן די זאַכן וואָס ער לערנט.

5. צופיל ווערבאַליזם מצד דעם לערער, צוליב וואָס דאָס קינד בלייבט פּאַסיוו פאַר אַ לענגערער צייט.

כדי צו פאַרלייכטערן אין אַ געוויסע מאָס אָט די אַלע אויבנדערמאָנטע שוועריקייטן, האָבן מיר אַריינגעבראַכט צוגעפּאַסטע דערציילונגען, זאַצן,

פראַגעס, בילדער, זאַצן מיט אויסגעלאָזטע ווערטער, איבערזעצונגען פון העברייאיש אויף יידיש און פון יידיש אויף העברייאיש, ווי אויך געאָגראַ־פישע מאַפּעס.

מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט ברייטער אויף דער פרשה „לך לך" ווייל צוליב דידאַקטישע סבות הייבן מיר אָן לערנען חמש פון „לך לך" און ווען מיר פאַרענדיקן בראשית קערן מיר זיך אום צו די פרשיות בראשית און נח.

דאָס פאַרטייטשן פון יידיש אויף העברייאיש און פון העברייאיש אויף יידיש, וואָס מיר האָבן אַריינגעבראַכט, קען דינען ווי היים־אַרבעט; דער־מיט וועט דער לערער זיך איינשפּאָרן צייט און אומפּראָדוקטיווע איבער־חזערונגען.

---

בײַ דער געלעגנהייט וויל איך באַדאַנקען דעם ה" י. גרינבוים פאַר דער טעכנישער הילף וואָס ער האָט מיר געגעבן, ווי אויך פאַר געוויסע באַמערקונגען פון פּעדאַגאָגישן כאַראַקטער.

אַן האַרציקן יישר כח דעם זייער פאַרדינסטפולן און אומדערמידלעכן יבנה־טוער, ה" שמשון פעלדמאַן פאַר סטימולירן מיר בסדר צו דערדאָזיקער אַרבעט.

אַ באַזונדער דאַנק און אָנערקענונג דעם ה" אליהו זאַק, וואָס האָט יערמוטיקט אַרויסגעבן די דאָזיקע אַרבעט דורך שאַפן אַ פאָנד אויפן נאָמען פון זיינע עלטערן בנימין און חוה זאַק. מיט דעם פאַראייביקט ה" אליהו זאַק זייער נאָמען ווי אויך דעם נאָמען פון זיינע שוועסטער ציפּע און שרה, וואָס זיינען אומגעקומען דורך די נאַצישע בעסטיעס; הי"ד ותהי נשמתם צרורה בצרור החיים.

ד ע ר   מ ח ב ר



אברהם צובּרעכט די געטשעס פון זיין טאַטן.



באַשרייב וואָס דער לערער האָט דיר דערציילט וועגן דעם אינהאַלט פונעם בילד.

באַפאַרב דעם בילד מיט שיינע פאַרבן.




צייכן אַן אויף דער מאַפּע אַ שטוב.
די צייכנונג מאַך לעבן אור כשדים.

מאַך נאָך אַ צייכנונג: אברהם גייט אַרויס
פון זיין טאַטנס שטוב.
צי אַ פייל פון אור כשדים ביז חרן.

# פרק יב

פסוק א.

1. אין וועלכן לאַנד וווינסטו?
2. פון וועלכע לענדער האָסטו געהערט?
3. פון וועלכן לאַנד איז אַוועק דיין טאַטע אָדער דיין זיידע?
4. פון וועלכן לאַנד איז אַוועק אַברהם?
5. ווען ביסטו געבוירן געוואָרן?
6. ווו ביסטו געבוירן געוואָרן?
7. מיין געבוירן אָרט איז..........
8. אברהמס געבוירן אָרט איז געווען..........
9. אויף וועלכער גאַס געפינט זיך דיין טאַטנס שטוב?
10. אינדערפרי גייסטו אַוועק פון דיין טאַטנס שטוב צו גיין..........
11. אברהם איז אַוועק פון זיין טאַטנס שטוב, פאַרוואָס?
12. לערן אים צו פאַרטייטשן און באַפינטל:

## לך לך מארצך וממולדתך

גיי דיר אַוועק פון דיין לאַנד און פון דיין געבוירן אָרט.

## אל הארץ אשר אראך

צו דעם לאַנד וואָס איך וועל דיר ווייזן.

## דער זיידע בענטשט זיין איינקל



טראַכט אויס אַ מעשהלע פון אַ גוטע זאַך וואָס דו האָסט געטאָן, אַלע האָבן דיר געבענטשט, און דו ביסט געווען זייער צופרידן.

פסוק ב.

1. אין מעקסיקע לעבן אַ סך מענטשן; דאָס מעקסיקאַ־נער פאָלק איז גאַנץ גרויס.

2. וועלכעס פאָלק לעבט אין ארץ־ישראל?

3. טיילן פון יידישן פאָלק לעבן אין די שטאַטן און אויך . . . . . . . . . .

# דער טאַטע בענטשט משה׳לען

משהלע איז זייער אַ גוט קינד, סיי אין שטוב און סיי אין שולע. זיין טאַטע האָט אים שטאַרק ליב. ער ברענגט אים אַ סך מתנות. יעדן פרייטיק־צו־נאַכטס בענטשט ער אים און זאָגט:

הלואי זאָלסטו אויסוואַקסן אַ גרויסער און אַ שטאַר־קער, און דו זאָלסט קענען אַ סך לערנען״.

4. ווען מען בענטשט מען — אַ גוטן אָדער אַ שלעכטן?

5. וואָס האָט דער טאַטע געזאָגט ווען ער האָט גע־בענטשט משהלען?

6. משה רבנו האָט אַ גרויסן נאָמען, אַלע ווייסן פון אים. אפשר ווייסטו, וואָס האָט ער געטאָן?

7. ג׳ האָט געזאָגט אברהמען: איך וועל מאַכן, אַז דיין נאָמען וועט זיין זייער . . . . . אַלע מענטשן וועלן . . . . . פון דיר.

8. לערן אויס צו פאַרטייטשן און באַפּינטל:

## ואברכך ואגדלה שמך

און איך וועל דיך בענטשן, און מאַכן גרויס דיין נאָמען.

# משה׳לע שילט דעם הונט

פסוק ג.

משה׳לע איז געגאַנגען אין גאַס. אַ הונט איז אים באַ־פאַלן און האָט אים אַ ביס געטאָן. משה׳לע האָט זיך זייער דערשראָקן. ער האָט שטאַרק געוויינט און געשאָלטן דעם הונט. ער האָט געזאָגט: שלעכטער הונט, הלוואַי זאָלסטו שטאַרבן!

1. פאַרוואָס האָט משה׳לע געשאָלטן דעם הונט?
2. וואָס האָט משה׳לע געזאָגט ווען ער האָט געשאָלטן דעם הונט?
3. ווערמען ווערט ג׳ שילטן?
4. וואָס ווילסטו בעסער, מען זאָל דיך בענטשן אָדער שילטן?

# אַלע קינדער בענטשן זיך מיט משה׳לען

משה׳לע איז שטענדיק דער ערשטער פון קלאַס. דער לערער גיט אים כסדר פרעמיעס. און זיין טאַטע האָט אים געקויפט אַ ביסיקלעט.

אַלע קינדער בענטשן זיך מיט משה׳לען און זאָגן: הלוואַי זאָל איך זיין אַזוי ווי משה׳לע.

5. מיט וועמען בענטשן זיך אַלע קינדער פון ד יי ן קלאַס?
6. אויב דו ווילסט, אַז אַלע זאָלן זיך בענטשן מיט דיר, וואָס דאַרפסטו טאָן?
7. מיט וועמען וועלן זיך בענטשן אַלע מענטשן פון דער וועלט?

8. שרייב אָן דעם אינהאַלט פון די פּסוקים א׳ ב׳ ג׳ און קען עס דערציילן.

9. לערן אויס צו פּאַרטייטשן און באַפינטל:

# ואברכה מברכיך ומקללך אאר

און איך וועל בענטשן די וואָס בענטשן דיך, און דעם וואָס שילט דיך, וועל איך שילטן.

פסוק ד.

1. וויפל ברידער האָט אברהם געהאַט?
2. ווי האָט מען זיי גערופן?
3. ווער איז געווען לוט?
4. פאַרוואָס איז לוט געגאַנגען מיט אברהמען און ניט מיט זיין טאַטן?
5. שרייב אָן דאָס, וואָס דער לערער האָט דיר דערציילט וועגן הרנען?

# משה׳לע און זיין פאַרמעגן

פסוק ה.

משה׳לע פאַרמאָגט א סך זאַכן. ער האָט אַ ביסי־קלעט, אַ קליינעם אויטאָ, אַ זייגערל און נאָך אַנדערע שפּיל־זאַכן. ווען ער פאָרט קיין אַקאַפּולקאָ נעמט ער מיט זיין גאַנצן פאַרמעגן.

1. לערן אויס צו קענען פאַרטייטשן און באַפינטל:

# ויקח אברם את שרי אשתו ואת לוט בן אחיו

און אברם האָט גענומען זיין ווייב שרהן, און זיין ברודערס זון לוטן.

2. ווי רופט מען היינט כנען?

3. ווי רופט מען די מענטשן וואָס האָבן געוווינט אין כנען?

4. אברם איז אַרויס פון . . . . . און איז געגאַנגען קיין . . .

5. אברם האָט גענומען זיין ווייב שרה׳ן און . . . . .

6. וואָס איז דיין פאַרמעגן?

7. וואָס ווילסטו פאַרמאָגן?




באַפאַרב דאָס לאַנד כנען מיט איין פאַרב און דאָס איבע־ריקעם מיט אַן אַנדער פאַרב.

צי אַ פייל פון חרן ביז כנען.

צייכן אַן מענטשן און פי, וואָס גייען פון חרן קיין כנען.

8. לאָמיר זען, אויב דו ווערסט טרעפן, וועלכער וואָרט פעלט דאָ; אויב דו ווייסט שרייב אים אָן.

# א. לך לך ....... וממולדתך.

# ב. ואעשך ..... גדול.

# ג. ונברכו בך כל ........ האדמה.

# ד. ואת כל ...... אשר רכשו.



# אברהם נעמט צונויף אַלע זיינע מענטשן צו פאָרן קיין כנען



שרייב אָן אַ מעשהלע ווי דו ביסט געפאָרן קיין אַקאַ־פולקאָ אָדער אַנדערשוואו, מיט וועמען ביסטו געפאָרן, וואָס האָסטו מיטגענומען, ווי איז געווען אין שטוב ווען מען האָט זיך געגרייט צום פאָרן, ווי איז געווען דער וועג. מיינסטו אַז אברהם איז אויך אַזוי געפאָרן ווי דו?




שרייב אָן אויף דער מאַפּע, מזרח, מערב, צפון, דרום.
באַפאַרב דעם ים מיט בלוי און שרייב אָן ווי דער ים הייסט.
צי אַ פייל פון צפון ביז שכם.
צייכן אָן געצעלטן אַרום שכם.

---

פסוק ו.

1. לערן אויס צו קענען פאַרטייטשן און באַפינטל:

# ויעבר אברם בארץ, עד מקום שכם -

און אברם איז דורכגעגאַנגען דורכן לאַנד, ביז דעם אָרט פון שכם.

2. וועלכעס פאָלק האָט געוווינט אין שכם?

## אַ מזבח, אויף אים אַ קרבן



באַפאַרב דעם מזבח מיט איין פאַרב, דעם קרבן מיט אַ צווייטן פאַרב און דעם פייער מיט אַ דריטן פאַרב.

פסוק ז.

1. קען פאַרטייטשן און באַפּינטל:

# ויֵרא ה׳ אל אברם

און ג׳ האָט זיך באַוויזן צו אברהמען.

# לזרעך אתן את הארץ הזאת

צו דיינע קינדער וועל איך געבן דאָס דאָזיקע לאַנד.

2. ווער זיינען אברהמס קינדער?

3. וואָס האָט ג׳ צוגעזאָגט אברהמען?

4. אברהם האָט באַדאַנקט ג׳ און געבויט אַ . . . . .

5. מענטשן וואָס האָבן געלעבט אין מעקסיקע מיט אַ סך יאָרן צוריק האָב אויך געבראַכט קרבנות, ווער זענען זיי געווען?

6. אויף וועלכן אָרט אין מעקסיקע קען מען נאָך היינט זען אַ מזבח?




צי אַ פייל פון שכם ביזן נגב.

# אַ הונגער

אין דרויסן איז זייער הייס. מען קען שוין ניט אויס־האַלטן פון דער היץ. מען וואַרט אַז עס זאָל שוין קומען דער חדש יוני און עס זאָל שוין אָנהייבן רעגענען, אָבער אומזיסט — דער חדש יוני איז שוין פאַרביי, אויך חדש יולי און אויגוסט זיינען פאַרביי אָבער קיין איין טראָפּן רעגן איז ניט געפאַלן. תבואה וואַקסט נישט. די בלעטער פון די ביימער זיינען פאַרטריקנט און קיין פרוכט איז ניטאָ.

דער בעקער האָט שוין ווייניק ברויט צום פאַרקויפן און אויך ביים קרעמער ווערט אַלץ ווייניקער און ווייני־קער סחורה. עס קומט אַ טאָג און מען קריגט שוין גאָר־נישט צו קויפן. ניט קיין ברויט, ניט קיין פּוטער און ניט קיין פלייש.

# עס איז אַ הונגער

פסוק י.

1. אברם האָט געענדערט קיין מצרים, ווייל אין כנען איז געווען אַ . . . . .
2. לערן אויס צו קענען פאַרטייטשן און באַפּינטל:

## וירד אברם מצרימה

און אברם האָט געענדערט קיין מצרים

## לגור שם

צו וווינען דאָרט.

וק יא.

# אשר הקריב לבא מצרימה

ען ער איז געקומען נאָנט צו מצרים

וק יב.

# יראו אתך המצרים

די מצרים וועלן דיך זען

# רגו אתי ואתך יחיו

ן זיי וועלן מיך הרגענען. און דיך וועלן זיי לאָזן לעבן

שרייב אָן און קען דערציילן דעם אינהאַלט פון די

סוקים יא. יב. יג.

ווי זאָגט מען אין העברעאיש —

און עס איז געווען אַ הונגער אין לאַנד"

אַז דו ביסט זייער אַ שיינע פרוי"

ויב דו ווייסט ווי עס שטייט אין חמש, לאָמיר זען אויב

ד וועסט עס קענען אָנשרייבן.

יסוק טו.

. דער לערער האָט געלויבט משה'לען און געזאָגט:

משה'לע, דו לערנסט זיך זייער גוט.

. דער לערער האָט געלויבט משה'לען ווייל . . . . .

. אין דיין קלאַס, וועמען לויבט דיין לערער?

. לערן אויס צו פאַרטייטשן:

# הללו אתה אל פרעה

און זיי האָבן זי געלויבט פאַר פרעהן.

. וואָס האָבן די האַרן געזאָגט וועגן שרהן?



באַפאַרב עס מיט פאַרשיידענע פאַרבן, שרייב אָן אונטער יעדן איינעם ווי ער הייסט און וואָס פאַר אַ נוצן עס ברענגט.



צי אַ נייל פֿון נגבֿ ביז מצרים.

פסוק טז.

1. לערן אויס צו קענען פאַרטייטשן און באַפּינטל עס:

א.

# ולאברם היטיב בעבורה

און אברמען האָט ער גוטס געטאָן פון ירעטוועגן.

ב.

# צאן, ובקר, וחמרים, ועבדים ושפחות

שאָף, און רינדער, און אייזלען, און קנעכט און דינסטן.

2. וועלכע גוטע זאַכן האָט פרעה געטאָן פאַר אברמען?

פסוק יז.

1. ג׳ האָט געפּלאָגט פרעהן (ער האָט געבראַכט אויף אים קראַנקהייטן). שרייב פאַרוואָס?

2. לערן אויס צו קענען פאַרטייטשן און באַפּינטל:

# וינגע ה׳ את פרעה נגעים גדולים

און ג׳ האָט געפּלאָגט פרעהן מיט גרויסע פּלאָגן.

3. לערן אויס צו קענען זאָגן אין העברייאיש: און זיי האָבן זי געליבט פאַר פרעהן.

4. לאָמיר זען אויב דו ווייסט וועלכעס וואָרט פעלט דאָ:
ולאברם . . . . . בעבורה.

פסוק יח.

1. פרעה האָט געזאָגט אברמען, פאַרוואָס האָסטו מיר ניט געזאָגט, אַז שרי איז דיין . . . . .

2. לערן אויס צו קענען פאַרטייטשן און באַפינטל:

# מה זאת עשית לי

וואָס האָסטו דאָ געטאָן צו מיר.

# למה לא הגדת לי

פאַרוואָס האָסטו מיר ניט געזאָגט.

פסוק יט.

ווי וועסטו זאָגן אין העברייאיש:
אָט איז דיין ווייב, נעם און גיי.
לאָמיר זען אויב דו וועסט עס קענען אָנשרייבן.

פסוק כ.

1. לערן אויס צו קענען פאַרטייטשן און באַפינטל:

# ויצו עליו פרעה אנשים:

און פרעה האָט אָנגעזאָגט וועגן אים מענטשן.

2. לערן אויס צו קענען זאָגן אין העברייאיש און אָנ־שרייבן:
און אַלץ וואָס ער האָט געהאַט.

## אברהם קערט זיך אום קיין ארץ־ישראל




צייכן אָן אויף דער מאַפּע אברמס צוריקוועג קיין ארץ־ישראל.

באַשרייב וואָס דער לערער האָט דיר דערציילט וועגן נגב. ווי איז דער נגב געווען פריִער און וואָס יידן טוען דאָרטן איצט.

3. פּרוביר מאַכן אַ פאָרשטעלונג פון די פּסוקים טו. טז. יז. יח. יט. כ.

מאַך עס צוזאַמען מיט דיינע חברים און חברטעס פון קלאַס.

עס איז ניט שווער, איך וועל דיר העלפן. מאַך עס אַזוי.

אַ מיידל פון קלאַס וועט זיין שרי, און אַ יינגל וועט זיין אברם. זי גייט אין גאַס, די האַרן פון פּרעה זעען זי, זיי ברענגען זי צו פּרעהן. פּרעה פרעגט זיי, וועך זיי זיינען, און אַזוי ווייטער.



## פּי



באַפּאַרב און שרייב אָן וועלכן פון די פּי האָסטו געזען, און ביי וועלכער געלעגנהייט.

## אַ געצעלט



1. האָסטו שוין געזען אַ געצעלט? ווו? ביי וועלכער געלעגנהייט?
2. פון וואָס מאַכט מען אַ געצעלט?
3. ווער וווינט היינט אין אַ געצעלט?

# פרק יג.

פסוק ב.

1. לערן אויס צו קענען פאַרטייטשן און באַפּינטל:

## ואברם כבד מאד

און אברם איז געווען זייער רייך.

## במקנה בכסף ובזהב

אין פי, אין זילבער און אין גאָלד.

2. לערן אויס דעם פסוק ב. אויף אויסווייניק.

---

## ניט גענוג פאַשע פאַר אַלעמען

משהלעס טאַטע האָט געהאַט אַ פאַרם. אויף דער פאַרם האָט ער געהאַט קי און פערד אָבער ניט קיין סך.

יעדן טאָג האָט זיי דער פאַסטוך געפירט אין פעלד. דאָרטן פלעגן זיי עסן גראָז, און עס איז געווען גענוג פאַשע פאַר אַלעמען.

איין טאָג האָט משהלעס טאַטע צוגעקויפט נאָך קי און פערד, און ער האָט שוין געהאַט אַ סך מער ווי פריער. אינדערפרי ווען דער פאַסטוך האָט זיי אַלעמען אוועקגעפירט אין פעלד האָט דאָס לאַנד זיי מער ניט געקענט טראָגן. עס איז ניט געווען גענוג פאַשע פאַר אַזוי פיל קי און פערד.

פסוק ו.

3. לערן אויס צו קענען פאַרטייטשן און באַפּינטל:

# כי היה רכושם רב

ווייל זייער פאַרמעגן איז געווען גרויס.

# ולא יכלו לשבת יחדו

און זיי האָבן ניט געקענט וווינען צוזאַמען.

4. אברם און לוט האָבן ניט געקענט וווינען צוזאַמען ווייל . . . . .

פסוק ז.

5. ווי זאָגט מען אין העברייאיש
„און עס איז געווען אַ קריגעריי צווישן דוד און יצחקן".

פסוק ח.

6. לערן אויס צו קענען פאַרטייטשן און באַפּינטל:

# אל, נא, תהי מריבה ביני ובינך

איך בעט דיך, זאָל ניט זיין קיין קריגעריי צווישן מיר און צווישן דיר.

7. ווי וועסטו זאָגן אין העברייאיש
„מיר זיינען אייגענע מענטשן".

קען עס אָנשרייבן אין העברייאיש.

פסוק ט.

8. לערן אויס צו קענען פאַרטייטשן און באַפּינטל:

# הפרד נא מעלי

שייד זיך אָפּ פון מיר.

9. לאָמיר זען אויב דו קענסט זאָגן אין העברייאיש
„אויב דו וועסט גיין אויף לינקס וועל איך גיין אויף רעכטס און אויב דו וועסט גיין אויף רעכטס וועל איך גיין אויף לינקס".

10. שרייב צו וואָס עס פעלט:
אברם האָט געזאָגט צו לוטן: זאָל ניט זיין . . . . . . . ,

ווייל מיר זיינען . . . . . . . דאָס גאַנצע לאַנד . . . . . . . .

פסוק יא.

11. קען פאַרטייטשן און באַפּינטל:

# ויבחר לו לוט את כל ככר הירדן

און לוט האָט אויסגעקליבן פאַר זיך דעם גאַנצן געגנט פון ירדן.

שרייב צו וואָס עס פעלט:

**ויפרדו**........................................




צייכן אָן אַ געצעלט אויף דעם אָרט ווו לוט האָט זיך באַזעצט
באַפאַרב מיט בלוי דעם ירדן.

פסוק יג.

1. ווען אַ מענטש טוט ניט אַזוי ווי ג' הייסט, זינדיקט ער צו ג'.

2. ווען אַ מענטש גנבעט אָדער עסט אום יום־כפּור ער צו ג'. . . . . .

3. וואָס נאָך הייסט זינדיקן צו ג'?

4. קען פּאַרטייטשן און באַפּינטל:

# ואנשי סדם רעים וחטאים לה' מאד

און די מענטשן פון סדם זיינען געווען שלעכט און זייער זינדיק צו ג'.

5. שרייב צו וואָס עס פעלט:

# ואנשי סדם . . . . . . . . . . . . לה' מאד




דעם טייל וואָס איז ביי יידן באַפאַרבט מיט איין פאַרב און דעם אַנדער טייל וואָס די אַראַבער האַלטן באַפאַרבט מיט אַ צווייטן פאַרב.
אין דעם יידישן זייט מאַכן מגן־דודס אָדער מנורהס.

באַצייכן אויף דער מאַפּע מזרח, מערב, צפון, דרום.

פסוק יד.

1. קען פאַרטייטשן און באַפּינטל:

# אחרי הפרד לוט מעמו!

נאָכדעם ווי לוט האָט זיך אָפּגעשיידט פון אים,

# שא נא עיניך וראה

הייב אויף דיינע אויגן און זע.

2. לערן אויס אויף אויסווייניק דעם פסוק טו.

3. קען פאַרטייטשן און באַפּינטל:

# אשר אם יוכל איש

אַז אויב עמיצער וועט קענען

# למנות את עפר הארץ

ציילן דעם זאַמד פון דער ערד.

פסוק טז.

4. שרייב צו וואָס עס פעלט: און איך וועל מאַכן דיינע קינדער אַזוי ווי . . . . .

5. לערן אויס אויף אויסווייניק

# „ושמתי את זרעך כעפר הארץ"

פסוק יז.

6. קען פאַרטייטשן און באַפּינטל:

# קום, התהלך בארץ! לארכה ולרחבה

שטיי אויף, גיי דורכן לאַנד, אין איר לענג און אין איר ברייט.




באַצייכן דעם אָרט ווו לוט האָט זיך באַזעצט און ווו אברם האָט זיך באַזעצט.

# מלכים ביי כדרלעמרן



באַפאַרב כדרעלמרן און זיין טראָן.

באַשרייב וואָס דו זעסט אויפן בילד.

# פרק יד. רביעי

פסוק א.

1. צוועלף יאָר האָבן די מלכים געדינט כדרלעמרן, זיי האָבן אים געגעבן מתנות און אויפן דרייצנטן יאָר האָבן זיי ווידערשפעניקט. זיי האָבן אים ניט געבראַכט קיין . . . .

2. וואָס האָט כדרלעמר געטאָן ווען ער האָט געזען, אַז זיי ווידערשפעניקן אים?

3. וויפל מלכים האָבן אים געהאָלפן?

4. קען פאַרטייטשן און באַפינטל:

# כל אלה, חברו אל עמק השדים

די אַלע, האָבן זיך פאַרזאַמלט אין טאָל שדים.

5. ווי הייסט היינט דער טאָל שדים?




באַפאַרב דעם ים המלח.
באַשרייב וואָס דער לערער האָט דיר דערציילט
וועגן ים המלח און זיין געגנט.

פסוק י.

1. קען פּאַרטייטשן און באַפּינטל:

# בארות בארות חמר

גריבער אויף גריבער מיט ליים.

# והנשארים הרה נסו

און די וואָס זיינען געבליבן זיינען אַנטלאָפן צום באַרג.

2. וואָס איז געוואָרן מיט די מלכים פון סדום און עמרה?

פסוק יא.

3. שרייב אָן ווי מען זאָגט אין העברייאיש

„און זיי האָבן צוגענומען דעם פאַרמעגן פון דורן".

4. מיט וועלכן מלך איז לוט געגאַנגען אין מלחמה?

# לוט איז געפאַנגען



באַפאַרב לוטן און די צוויי סאָלדאַטן.

טראַכט אויס אַ מעשהלע, אַ מלחמה, ביינאַכט, עס איז פינסטער, מען שלאָגט זיך, מען באַפאַלט לוטן, מען נעמט אים אין געפאַנגענשאַפט, וואָס טראַכט דאַן לוט, ער טוט תפלה, ער האָפט צו ג׳

פסוק יג.

1. ממרא האָט געהאַט נאָך אַ נאָמען . . . . . ממרא האָט געהאַט צוויי ברידער, מען האָט זיי גערופן . . . . .

2. ממרא, אשכל און ענר פלעגן העלפן אברמען און אברם פלעגט זיי העלפן. זיי זיינען געווען פאַרבינדעטע.

3. ווער פון דיין קלאַס זיינען דיינע פאַרבינדעטע?

4. קען פאַרטייטשן און באַפינטל:

# ויבא הפליט:

איז געקומען דער אַנטלאָפענער

# והם בעלי ברית אברם:

און זיי זיינען געווען די פאַרבינדעטע פון אברם.

פסוק יד.

5. קען פאַרטייטשן און באַפינטל:

# וישמע אברם כי נשבה אחיו

און אברם האָט געהערט אַז זיין אייגענער איז געפאַנגען געוואָרן.

# וירק את חניכיו

און ער האָט געגעבן געווער צו זיינע געטרייע קנעכט.

פסוק טז:

6. קען פאַרטייטשן און באַפינטל:

# וישב את כל הרכש

און ער האָט צוריקגענומען דעם גאַנצן פאַרמעגן.

# וגם את הנשים ואת העם

און אויך די ווייבער, און דאָס פאָלק.

7. קען דערציילן און שרייב אָן דעם אינהאַלט פון די פסוקים יד. און טז.

פסוק יז.

8. דער מלך פון סדם איז אַרויס אַנטקעגן אברמען און ער האָט אים באַדאַנקט פאַר דעם וואָס . . . . .

פסוק יח.

9. קען אָנשרייבן אין העברייאיש

„האָט אַרויסגעטראָגן ברויט און ווייַן".

מלכי צדק מיט ברויט און וויין



וואָס זעסטו אויפן בילד?
צוליב וואָס האָט עס מלכי צדק געטאָן?

פסוק יט.

1. קען פאַרטייטשן און באַפּינטל:

# ברוך אברם לאל עליון

געבענטשט זאָל זיין אברם פון ג׳ וואָס איז אויבן

# קנה שמים וארץ

וואָס האָט באַשאַפן הימל און ערד

פסוק כ.

# אשר מגן צריך בידך

וואָס האָט איבערגעגעבן דיינע שונאים אין דיין האַנט

# ויתן לו מעשר מכל

— און ער האָט אים געגעבן
מעשר (אַ צענטל) פון אַלצדינג.

3. שרייב אָן די ברכה מיט וועלכע מלכי צדק האָט גע־
בענטשט אברמען.

4. לערן אוים אויף אויסווייניק

# ברוך אברם לאל עליון קנה שמים וארץ

5. קען אָנשרייבן אין העברייאיש

„און ער האָט אים געגעבן אַ צענטל פון אַלצדינג״.

פסוק כא.

6. קען פאַרטייטשן און באַפּינטל:

# תן לי הנפש והרכש קח לך

גיב מיר די מענטשן און דעם פאַרמעגן נעם דיר.

## אברם הייבט אויף די הענט און שווערט



שרייב וואָס אברם האָט געשוואוירן און פאַרוואָס ער האָט געאָרניט געוואָלט נעמען פונעם מלך פון סדום.
שרייב אָן אַ מעשהלע וועגן אַ מענטשן, וואָס האָט געטאָן אַ גוטע זאַך און האָט ניט געוואָלט, אַז מען זאָל אים באַצאָלן פאַר דעם.

פסוק כב.

1. קען פּאַרטייטשן און באַפּינטל:

# הרמתי ידי אל ה׳

איך הייב אויף מיין האַנט צו ג׳.

פסוק כג.

# אם מהוט ועד שרוך נעל

אויב איך וועל נעמען פון אַ פאָדים ביז אַ שוכבענדל.

# אני העשרתי את אברם

איך האָב רייך געמאַכט אברמען.

2. לאָמיר זען אויב דו וועסט קענען זאָגן אין העברייאיש:

„גיב מיר די מענטשן און דעם פאַרמעגן נעם דיר״.

„אויב איך וועל נעמען פון אַ פאָדים ביז אַ שוכבענדל.״

„און דו זאָלסט ניט זאָגן: איך האָב רייך געמאַכט אברמען״.

3. אויב דו קענסט שוין זאָגן אין העברייאיש, לערן זיך עס אויס אָנצושרייבן.

אויב עס איז דיר שווער אויסצולערנען אַלע, לערן זיך אויס נאָר עטלעכע.

# דער טאַטע באַשיצט זיין קינד



שרייב אָן אַ מעשהלע: דו ביסט געגאַנגען שפּאַצירן אין טשאַפּולטעפּעק, אַ הונט האָט דיך געוואָלט בייסן, דיין טאַטע האָט ניט געלאָזן, ער האָט דיך באַשיצט פונעם הונט.

# פרק טו.

פסוק א.

1. קען פאַרטייטשן און באַפּינטל:

## אנכי מגן לך

איך באַשיץ דיך (איך בין דיין שוץ).

## שכרך הרבה מאד

דיין באַלוין איז זייער גרויס.

2. פאַרוואָס האָט אברם מורא געהאַט?

3. ווער באַשיצט דיך, ווען אַ יינגל וויל דיך שלאָגן?

# די מומע פירט די ווירטשאַפט

משהלעס מאַמע איז געפאָרן קיין ארץ־ישראל. איז ניט געווען ווער עס זאָל פירן די ווירטשאַפט. פלעגט משהלעס מומע קומען יעדן טאָג און אַכטונג געבן אַז די שטוב זאָל זיין אין אָרדנונג און קיין זאַך זאָל ניט פעלן. אַלץ וואָס מען האָט געדאַרפט האָט די מומע געקויפט.

די מומע האָט געפירט די ווירטשאַפט.

4. ווער פירט די ווירטשאַפט ביי דיר אין שטוב?
5. ווער האָט געפירט די ווירטשאַפט ביי אברמען?
6. איך וואָס האָט זיך אברם באַקלאָגט?

7. קען פאַרטייטשן און באַפּינטל:

# מה תתן לי

וואָס קענסטו מיר געבן?

# ואנכי הולך ערירי

און איך גיי אַוועק אָן קינדער.

פסוק ג.

# זבן משק ביתי

און דער וואָס פירט די ווירטשאַפט אין מיין שטוב.

# הן לי לא נתת זרע

זע, האָסט מיר קיין קינדער ניט געגעבן.

# הבט נא השמימה, וספר הכוכבים, אם תוכל לספר אותם

טו נאָר אַ קוק אויפן הימל, און צייל די שטערן, אויב דו קענסט זיי איבערציילן.

פרעה דער קעניג פון מצרים איז געשטאָרבן, איז זיין זון געוואָרן קעניג. ער האָט אים געירשעט.
אברהם האָט געמיינט אַז . . . . . וועט אים ירשען.

8. לערן זיך אויס צו דערציילן און שרייב אָן דעם שמועס צווישן ג׳ און אברמען אין די פסוקים א. ב. ג. ד. ה.

9. לאָמיר זען אויב דו וועסט קענען אויסלערנען אויף אויסווייניק דעם פסוק ה. פון

# „הבט נא השמימה” ביז „כה יהיה זרעך”



וואָס זעסטו אויפן בילד?